# M. Kaplan's Ghetto Poems

# געטא־קלאנגען

פון מיכל קאפלאן

ארויסגעגעבן פון
די אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק פערלאג קאמפ.
102 and 104 West 38th Street
New York

פרייז 25 סענט

מיכל קאפלאן.

# גהעטאָ-קלאַנגען

ארויסגעגעבען פון
די אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק פערלאג קאָמפּ.
ניו־יאָרק.

# איהאלטס-פערצייכנים





# געדיינקסט דו אברמה'יל?

געדענקסט דו, אברהמ'על, געדענקסט דו אַמאָל?
מיטאָג־צייט, זומער, אין חדר . . .
אַ הויפל אַ קליינטשיקס, אַ בערגל, אַ טאָל;
מיר שפּיעלען, מיר שטיפען כסדר.

מיר זיצען אין שאָטען, מיר לערנען זיך אויס;
אַ נייטיגען דין, אַ הלכה:
ווי אָנמאַכען ציצית, ווי געהן ביי דער נאַכט,
ווי בענשען און מאַכען אַ ברכה

אויף דונערען, בליצען, אויף לעקעך, אויף ברויט,
אויף אַלערליי מיני מאכלים.
ווי שניידען די נעגעל, ווי וואַשען די הענד,
ווי אָב־געבען עמיצען שלום.

און אָפטמאָל אויך ווערד דאָרט אַ מעשה פערצעהלט,
אַ מעשה פון צוועלף גזלנים;
פון כשוף, ניט־גוטע, פון „אָדם בעל־שם“,
פון גרויסע תנאים, רבנים;

פון גיהנום, גן־עדן, ווי ס'ווערען בעשטראָפט
רשעים מיט אייזערנע ריטער.
— „אַ מצוה, ניט זינדיגט!“ — מיר קייען געשמאַק
חערביי אַ שטיק בולקע מיט פוטער . . .

מיר האָפּען בעת מעשה אַ קוק אויף דער זון:
„פּערגעהע שוין, דו ברענער, וואָס גיכער!
וואָס מאַכסטו דו פאַר שהיות? עס ווילט זיך אַהיים,
אוי, ביזט דו, מחילה, אַ קריכער!"

און גרעסער אַלס וואַקסט דאָך דער שאָטען פון פלויט,
און קלענער אַלס ווערד דאָך דער עול...
מיר לויפען אַהיים באַלד. אַ, גליקליכע טעג,
געדענקסט דו, אברהמ'על, אַמאָל?...

געדענקסט דו, מיר ליגען אין הויף אויפ'ן זאַמד,
מיר קוקען אַרויף און מיר ריידען
פון הימעל, פון יענע, וואָס זיצען אויף איהם...
פון אונזערע פריידען און ליידען.

אַ מחיה, עס בראָט אונז משונה די זון,
מיר ווערען צעווייקט דורך, מיר שוויצען.
מיר בויען אַ הייזעל, מיר טראָגען שוין ערד,
מיר שאָבען, מיר גראָבען און שניצען.

—„אין שטוב אַריין, לערנען!"—אונז'ם האָפּט אונז אַ שרעק,
עס געהט דורכ'ן לייב אַזש אַ שוידער.
מיר צעהלען מינוטען, ווען קומט שוין די צייט,
בעפרייט שוין צו ווערען פון חדר.

ווי גוט איז, ווי טייער צו ווערען שוין פריי!
ווי ווערד מען אַ גרויסער, אַ גרויסער!
אַ גאַנצען טאָג פריי גאָר, מע רויכערט ציגאַר,
מע לעבט זיך אַזוי ווי אַ קיסר...

און אַלע טאָג יום־טוב, ס'איז הפקר אַ וועלט,
קיין רבי, קיין חדר, קיין עול!

געדענקסט דו די נאַרישע, קינדערשע טעג?
געדענקסט דו, אברהמ'על, אמאָל? . . .

* * *

אַ פערטיל יאהר־הונדערט פאַראיבער, ווי שנעל!
ווי ס'יאָגט זיך משונה דאָס לעבען!
מיר זענען שוין גרויסע, — און לערנען נאָך אלץ
אין חדר ביי עפּעס אַ רבי'ן.

און שטריינג איז דער רבי — דאָס לעבען — און בייז,
ער שמייסט אונז און שמייסט אונז כסדר.
וואו נעמט מען דעם רבי'ן, דעם אַ ל ט ע ן אַצינד?
וואו נעמט מען אַ מ אָ ל י ג ע ן חדר?...



# בּיים אבּשיעד

ווען ענדיגען וועסט דו דיין לאַנגע נסיעה,
און קומען בשלום אַהיים, —
דערצעהל דאָרט פון אַלעס, דערצעהל נאָר פון מיר ניט,
איך בעט דיך, מיך האַלט אין געהיים.

און וועט אויף מיר פרעגען מיין אָרימער טאַטע, —
דערצעהל ניט ווי ס'לעבט זיך מיר שווער,
און וועט ער דיך פרעגען וויפיעל איך פערדין דאָ, —
דערצעהל איהם אי ן רו ב ע ל ס, ס'איז מעהר.

און וועט אויף מיר פרעגען מיין אָרימע מאַמע, —
דערצעהל ניט פון אַלץ וואָס דו ווייסט.

דערצעהלט איהר, איך עס דאָ געבראָטענס און ווייצענס
זי'ט האָבען הנאה, פערשטעהסט ?

און וועט אויף מיר פרעגען מיין טהייערער ברודער, —
ניט זאָג איהם, איך בין דאָ אליין.
דערצעהל איהם, מען קויפט דאָ „די ברידער", ניט טהייער,
איך צאָהל דאָ דערפאַר אין פעראיין.

און וועט אויף מיר פרעגען אַ חבר אַן אלטער, —
ניט זאָג איהם, מיר ווילט זיך צוריק.
דערצעהל איהם חדושים פון סאָבוויי, עלעקטרי.
ער'ט מיינען איך באָד זיך אין גליק.

און וועט אויף מיר פרעגען רפאל דער לעהרער,
ניט זאָג, כ'האָב פערלאָרען מיין וועג.
דערצעהל איהם, איך שרייב אין גאַזעטען. ער'ט מיינען,
איך שווים אַזוי זיכער צום ברעג.

און וועט אויף מיר פרעגען אַ מיידעל, אַ בלאַסע, —
נו, ווייסט דאָך שוין וועמען איך מיין, —
איהר מעגסט דו דערצעהלען פון אלעס, פון אלעס...
נאָר זי וועט ניט פרעגען, אָ ניין;

נאָר אויפהויבען וועט זי צוויי אויגען ווי קאַרשען,
אַ קוק טהאָן אַ מילדען אויף דיר,
און וועט זיך פערשעהמען, פערשאַרען אַ לאָקען...
נו לאָז איהר גערִיסען פון מיר.

געהערט האָב איך זאָגען, זי האָט שוין אַ חתן,
נו, ווינש איך איהר מזל אַ סך.
און זאָל איהר ניט באַנג טאָן וואָס ז'האָט מיך פערלאָזען,
ווייל אָרים בין איך אלץ און שוואַך.

צו שוואַך צו בעשיצען איהר בליהענדע יוגענד
פון הונגער, פון נויט און פון קעלט.
פערשוואונדען די קרעפטען, דער ווילען און גלויבען,
פערשטעלט איז מיר אַלעס, פערשטעלט...

איך שיק איהר צום אנדיינק פון מיר אַ פּאָרטרעטעל,
גענומען געוואָרען — אין גאַס.
אַ איד איז געשטאַנען, געגאַרט נאָך אַ ניקעל,
און קאַלט איז געווען דאַן און נאַס.

נו, האָב איך דערפרעהט איהם. ס'אַרוים ניט געראָטען,
ס'איז שווער דאָרט צו זעהן מיין געשטאַלט.
אַזוי איז נאָך בעסער... זי וואָלט זיך דערשראָקען,
איך קוק אוים אַ ביסעל צו אַלט...



# דער צוואנציגער

אַט זעצט זיך צו, און הערט זיך צו
אַ מעשה'לע, אַ שעהנס.
אין קיעווער גובערניע ליגט
אַ שטעדטעלע אַ קליינס.

דער „פּריפּעט“ פליסט דאָרט שטיל פערביי,
בעוואַסערט גוט דעם פלאַץ.
ס'איז וואַסער דאָרט פאַראַן גענוג,
נאָר ברויט איז דאָרט אַ שאַץ.

ויהי היום, געקומען איז
אַן אורח אין דער שטאָדט.

געבראַכט האָט יונה שמייסער איהם
פון ערגעץ־וואו, און האָט

בעקומען צוואַנציג קאָפּיקעס.
אַוועקגעלאָפען שנעל
איז יונה צו זיין אידענע,
געגעבען איהר אויף מעהל.

געשטאַנען מאָטעל סוחר איז
זיך אומעטיג אין קלייט.
דערזעהען די צוואַנציג קאָפּיקעס,
האָט מאָטעל זיך דערפרעהט.

געכאַפּט האָט ער די פּויטיקע,
אַוועקגעשיקט געשווינד
צום מלמד יוסעל לעמעשקע,
שכר למוד פאר זיין קינד.

אַ שטאַרקע פרייד, אַ לעבענס־לוסט
האָט לעמעשקען פערכאַפּט.
אַזוי זיך גלאַט, גאָר אומגעריכט,
אַ צוואַנציגער דערטאַפּט!

און גראדע נויטיג דאַרף ער דאָס,
אַוועק איז ער אויף גיך
צום שוסטער משה לאַטעניק,
פערריכטען זיך די שיך.

און משה לאַטעניק געפיהלט
האָט זעהר, זעהר שלעכט:

ער האָט קדחת, בויכוועהטאָג,
ער הוסט דורך גאַנצע נעכט.

געגומען שוין רובאַרבערום,
און צענעס און אַ שוויץ.
און ס'העלפט איהם נישט. ער הוסט און הוסט,
איהם וואַרפט אין קעלט, אין היץ.

דערצעהלט האָט ער דאָס לעמעשקען,
פערנעהט דערביי די שיך;
געכאַפּט האָט ער דעם צוואַנציגער
און איז אַוועק אויף גיך

צו אלי בער קליין דאָקטעריל,
אַן עצה איהם געפרעגט.
און אלי בער געטהאָן פאר איהם
האָט אַלץ וואָס ער פערמעגט:

אַ דוצען באַנקעס איהם געשטעלט
און בלוט איהם אויסגעצאַפּט.
און אָפּגעשפּראָכען גוט, — און האָט
דעם צוואַנציגער דערטאַפּט.

אין מאַרק אַרוים איז אלי בער
צופריעדען זיך און שטאָלץ,
און ביי סערגיי פעניאַק געקויפט
האָט ער אַ וואָגען האָלץ.

געפלויגען איז דער צוואַנציגער
אַזוי פון האַנד צו האַנד.
דערפרעהט אַ שטאָדט מיט איינוואוינער,
פערבעסערט יעדענס שטאַנד.

גּעפלויגען איז דער צוואַנציגער
אין שטעדטעל אַזוי לאַנג,
ביז בעני־הערש דער שניט־קרעמער
פערהאַלטען האָט זיין גאַנג.

אַ טוך פאר צוואַנציג קאָפּיקעס
האָט בעני־הערש פערקויפט.
איז ער אַוועק אין פּאָסט־קאַנטאָר
און מאַרקעס גאָר געקויפט.

און בריוועלעך אָנגעשריעבען צוויי
האָט ער צו זיינע זיהן.
זיי זיינען אין אַ וויטער לאַנד,
אין יענער לאַנד, וואוהין

די רייזע קאָסט אַ הונדערטער,
און ס'דויערט פיעלע טעג.
זיי ווילען זיך שוין אומקערען —
פערשטעלט איז זיי דער וועג . . .

און אָנגעשריעבען בעני־הערש
האָט לאַנגע בריוולאך צוויי,
דעם גאַנצען, גאַנצען צוואַנציגער
גע'פּטר'ט נאָר אויף זיי.

און אויסגעגאָסען בעני־הערש
האָט דאָרט זיין ביטער האַרץ.
דערצעהלט, ווי שווער דאָס לעבען איז,
ווי אויסגעצעהרט און שוואַרץ

די מאַמע זעהט שוין אויס, ווי ער
צובראָכען איז און שוואך . . .

אל תשליכנו שטעהט . . . הכלל,
ער בעט פון זיי איין זאַך:

צום קיסר נאָר זיך ווענדען מיט
פראָשעניעס אַ צוויי,
און אונטערטהעניג בעטען איהם
די זינד פערגעבען זיי.

און אונטערטהעניג בעטען איהם
צו טהאָן מיט זיי גענאָד,
ערלויבען זיי צוריקקומען,
צוריק אין זייער שטאָדט;

צום אַלטען טאַטען בעני־הערש,
וואָס פאָהרט שוין אויך צוריק
פון וועלט־יריד... געהאַנדעלט דאָרט,
אוי, האָט ער ווייניג גליק,

נאָר צרות גאַנצע פּעק — און גרוי
געוואָרען אָהן אַ צייט.
די צווייגען זיינע — אָפּגעהאַקט,
פערוואָרפען זעהר ווייט.

פערמאַכט די בריעף האָט בעני־הערש,
און אָפּגעשיקט מיט גליק.
אַ קרעכץ געטהאָן, און גלעזעריג
געוואָרען איז זיין בליק...

אָוועקגעגאַנגען זיינען זיך
די בריוועלעך אין וועג.
געשוואומען טעג, געשוואומען נעכט,
געקומען צו אַ ברעג.

און אין אַ קאַלטעןווינטער־טאָג
געבראכט צוטראָגען זיי
האָט יעמאַנד אויף אַ פינפטען שטאָק
צו שוואכע אינגלאך צוויי.

און ס'האָבען זיך די ארימע
פערצאַפּעלט אַזש פון פרייד,
פערטיעפט זיך אין די בריוועלעך,
געלייענט שטילערהייד.

געשלונגען דאָרשטיג יעדען וואָרט
פון אַלטען טאַטענס בריעף,
און אומעטיג געוואָרען שטאַרק,
די קעפּ פערבויגען טיעף.

און שטילערהייד זיך אָפּגעזיפצט:
„אוי ווער, אוי ווער געשעהן!"
צו האָט זיי עפּעס ווער געטהאָן,
צו קאַלט איז זיי געווען?

צו האָט זיי אפשר לייד געטהאָן
דער צוואַנציגער פערלוסט,
וואָס זייער שטאָדט פערלאָרען האָט
דורך זיי אַזוי אומזיסט?...

אוי, ווען ניט זיי, די בריוולאך צוויי,
ווער ווייסט ווי לאַנג, ווי לאַנג
דער צוואַנציגער אין שטעדטעלע
געהאַלטען וואָלט אין גאַנג.

און טרויסט געבראַכט, און פרייד פערשאַפט,
און איטליכען בעטהיילט.

אוי, ס'וואָלט פיעלייכט עד היום נאָך
דאָרט וועהטאָגען געהיילט !...



# קויפט א פייפער

קויפט אַ פייפער, ליעבע יודען,
ערשט אַרויס פון דרוק,
גיט אַ פעני מיר צו לייזען.
זעהט נאָר, טהוט אַ קוק

וואָס עס טהוט זיך, וואָס עס הערט זיך,
נייעס פון אלע שטעדט ;
זעהט די גרויסע ווערטער „בלוט פליסט",
„שוואַרצע מאה", זעהט !

ס'איז פון דאָרטען, ווער געשריען,
ס'איז פון יענער לאַנד,
וואו פון בלוט איז רויט דער הימעל,
וואו עס הערשט די בראַנד ;

וואו עס פלאַקערט ווי אַ גיהנום,
וואו עס ברענט און קנאַלט,
וואו עס הערשט דורך אימת מות
און דער טייפעל שאַלט.

וואו עס פליהען הייסע קוילען,
באָמבעם אַלערליי ;

וואו עס שפּאַלטען זיך די הימלען
פון דעם גוואַלד געשריי.

אוי, איך קום דאָך ערשט פון דאָרטען,
ס'איז מיין היים געוועזן.
כ'האָב געלעבט דאָרט שעהן און עהרליך,
כ'האָב אויך גוטס געזעהן.

כ'האָב פערמאָגט אַ קראָם, אַ הייזעל
און אַ גאָרטען אויך,
און אַ שטאַהל, אַ קוה, אַ ווירטהשאַפט.
וועה מיר, ווי אַ רויך

איז דאָס אַלס פערשוואונדען פלוצלונג
אין אַ שעהנעם טאָג;
און פערפאַקט איז מיין בן יחיד
ערגעץ אין אַסטראָג.

אוי, איך קאָן ניט אַלץ דערצעהלען,
כ'האָב זיך דאָ פערררעדט.
דאָ אין פייפּער שטעהט בעשריעבען.
גרויסע ווערטער. זעהט :

„שוואַרצע מאה סטראַשעט", „בלוט פליסט",
„תליות", טהוט אַ קוק.
גוטע בשורות!... קויפט אַ פּייפּער,
ערשט אַרוים פון דרוק.



# האַרבּע ווערטער

(אַ בריוועל אַהיים).

זיי ווייסען, מיין טהייערע, כ'האָב שוין אַ וועגעלע.
(ס'רופט זיך אַ פּוש־קאַרט ביי אונז),
איך האַנדעל מיט דריי־גודס, מיט חפצים אַזעלכע:
מיט סטאַקינגס, מיט נעקטיים, מיט פּינס.

איך האָב שוין געארבייט אין עטליכע שעפּער
ביי קלאָוקס, ביי ווייסטלאך, ביי פּענטס;
געלערנט זיך קאַטער, געוואָרען אַ פּיינטער,
געשטאַנען אַ פּאָר מאָל ביי סטענדס.

אַ פּאָר מאָל געוועזען אַ ווייטער אין לאָנטש רומס,
און נאָך דעם אַ ביגלער ביי וועש,
געפּרובט אויך צו ווערען אַ קאָסטימער פּעדלער,
געהאַנדעלט אויף באָרג און אויף קעש.

און ווידער גענומען זיך לערנען אפּרייטער,
געהאָרעוועט ביטער און שווער;
געשפּאָרט אַלץ, צו קענען דיר שיקען אַ שיפס קאַרט,
אַראָפּ־ברייננגען דיך שוין אַהער.

ניטאָ אָבער, ביילע, קיין מזל, קיין ברכה,
עס איז אַזאַ ביטערע צייט!
איך האָב שוין אַ ביזנעס, אַ פּושקאַרט, איין אייגענס,
עס וואָלט שוין געוועזען אָלל־רייט.

מאַכט זיך אַ מעשה מיט לייסענס, מיט פּייפּערס:
מען הויבט מיר אָן צאַפּען דאָס בלוט;
מען זאָגט, אַז אין גיכען שוין וועט מען אין גאַנצען
פערבאָטען צו פּעדלען אין סטריט.

איך רעכען דאַן אָנהויבען מאַכען סיגארלאך,
אַטענדען דערביי אויך אַ ראוט,
און אפשר אַ פּרוב טהון מיין מזל גאָר ווייטער,
אַוועקפאָהרען גאָר אין דער סאוטה....

זיי מוחל מיר, ביילע, איך רייד מיט דיר טערקיש,
פערטייטשען דאָס אַלץ איז מיר שווער,
דעם פּשט פון די ווערטער וועסטו זיך דערוויסען,
ווען דו וועסט שוין קומען אַהער...



# אַ גרוס פון דער היים

א ברודעריל האָב איך אויף יענער זייט ים.
ער שרייבט מיר אַ בריעף פון מיין שטעדטיל;
צוקנייטשט דאָס פּאַפּיער איז און אַלט. איך דערקען —
פון סדור די פּאָדערשטע בלעטעל.

ער שרייבט מיר: אַ דאַנק גאָט מיר זיינען געזונד,
דאָסזעלבע פון דיר אויך צו הערען.
געזונד, נאָר די מאַמע זי הוסט נעבאך שטאַרק.
איך געה מיר אין חדר און לערען.

איך לערן יעצט איוב. איך האָב דאָס ניט ליעב,
דאָרט רעדט זיך נאָר עפּעס פון טוידטע...

וואָס ברייעט ער איוב, אַזוינס מיט די פריינד?
וואָס פּלוידערט אליפז דער שוטה?

מיר האָבען פאר שבת געהאַט אַ דערשרעק:
אין גאַס איז געוואָרען אַ טומעל;
פון מאַרק האָט דערהערט זיך אַ געוואַלד, אַ געלויף,
און קולות ביז זיעבעטען הימעל.

געקומען דער טאַטע דערשראָקען פון גאַס,
פערשפּאַרט האָט ער טהירען און טהויער.
די שטאָדט האָט געציטערט, צווישעט האָט זיך
מיקיטאַ, אַ שכור'ער פּויער.

ער האָט זיך געוואָרפען, געליאַרעמט: „זשידי!“
ביז ס'האָט זיך אין וועג איהם געטראָפען
אַ קלעציל, און טראַך, טראַך! ער האָט זיך צו'דס'ט
און דאַן ערשט געוואָרען אַנשלאָפען.

ביי יענקיל דעם בעדער האָט נעכטען געברענט,
איז ווידער געוואָרען אַן אימפּעט.
געדענקסט דו בת־שבע דעם פּעטער רב בערס?
ביטאָ זי. געשטאָרבען אין קינדבעט.

און משה רב זלמן'ס געדענקסט דו? מען זאָגט
זיין זוהן האָט מען ערגעץ דערשאָסען...
געוועזן אַזאַ וואוילער, אַ טייערער יונג!
אַ רציחה! ס'האָט יעדען פערדראָסען.

געקומען ניט לאַנג אַן אינספּעקטאָר אין שטאָדט.
אוי וועה, איז געוואָרען אַ מהומה!

שטראפירט האָט ער יעדען. בעצאָהלט אויך אַ שטראַף
האָט זלאַטע די אָרימע מומע.

עס דארף שוין אין גיכען דער פריזיוו דאָ זיין,
עס פאַסטען שוין חברה תענתים.
מען שלאָפט שוין קיין נעכט ניט, מען פייניגט זיך שטאַרק,
זיי קוקען שוין אויס ווי די מתים.

און איך וועל דאָך אויך שטעהן צום פריזיוו אַמאָל,
בעקלער איך דאָס — טהו איך אַ ציטער.
געהן דיענען איוואַן'ען ?? פארוואָס און פאר וועןְ?
אָ, דיענען זאָל איהם דער ניט־גוטער!...

מען זאָגט, אַז אַמעריקע וויים ניט דערפון;
מען נעהמט גאָר ביי אייך קיין סאָלדאטען.
איהר קלייבט אויס אַ קיסר און וואַרפט איהם אַראָפּ —
איך האָב דאָס געהערט פון דעם טאַטען.

מיין טייערער ברודער, זעה נעהם אונז צו זיך.
מיר זיינען דאָ זעהר דערשלאָגען.
אוי, ס'איז אַזוי אומעטיג דאָ אין דער היים!
איך קען דיר אַזוי פיעל ניט זאָגען.

עס שלאָפען שוין אלע, ס'איז שפעט אין דער נאַכט.
ס'איז צייט שוין דאָס בריעווועל צו שליסען.
מיין טייערער ברודער, געזונד זיי און שטאַרק,
עס לאָזען דיר אלע גריסען.



# צוריק א היים

גענוג שוין! — שרייט אוים משה יוסיל, —
דאָס מוז און דאָס וועט באַלד געשעהן.
אַהיים וועל איך פאָהרען, קיין וולעדניק
און טאַקע נאָך שבת, איהר'ט זעהן.

פערברענט זאָל ער ווערען, קאָלאָמבוס!
א טייפעל געפינט אוים אַ לאַנד!
א גיהנום, אויף מיינע נאמנות!
עס ברענט דאָ, עס פלאַקערט אַ בראַנד!

אַהיים וועל איך פאָהרען קיין וולעדניק,
ארויסגעהן פאמעלאך אין מאַרק,
פערדיענען דאָרט עטליכע גראָשען
און גאָר ניט געהאָרעוועט שטאַרק.

און לעבען אין כבוד, אין נחת,
און האָבען אַ ווערדע ביי לייט.
א חשוב ביים פריץ חאליוטין —
געהאַנדעלט מיט איהם אַזאַ צייט.

א טייערער גוי, דער חאַליוטין.
ער האָט ליעב צו מאַכען אַ שפאַס:
„אָט זינג" — זאָגט ער — „יאָשקע, מה יפית"!
ער רעדט אַזוי גראָב אויפ'ן באַס.

ער ווערט אַמאָל כלומרשט משוגע,
און הויבט אָן די פריצישע שטיק:
„פּאַשאָל וואָן, זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!"
און שיקט מיך באַלד רופען צוריק.

און קומען וועל איך אין בית מדרש,
(דאָרט ברויכט מען קיין טיקעט ביים טהיר),
איך האָב דאָרט אַ שטאָדט אַזש אין מזרח,
ניט ווייט פון ר' סענדער דעם גביר.

און הערען בן ציון דעם חזן —
זיין טיעפען געבעט, זיין געוויין,
ער שפּרייט אויס די הענד און ער טענה'ט,
זיין טענה קען ריהרען אַ שטיין.

און הערען דאָרט שלום דעם מגיד,
ער רעדט אַזוי האַרציג געטריי,
ער מאָהלט אויס אַ חבוט הקבר —
איז פּונקט ווי איהר זייט דאָרט דערביי.

און ס'וועט זיך אַרום מיר פערזאמלען
אַ רעדעל אין שוהל־הויף, אין גאַס.
און איך וועל אַ רעדט טהאָן אין ענגליש:
„העללאָו!" — וועל איך זאָגען אין שפּאַס.

„לײדיס און דזשענטלמען, ליסען,
„איהר לעבט דאָ ווי ווערים אין חריין,
„און ווילד זיינט איהר ווי אינדיאַנער,
„און ווייסט ניט וואָס גוט איז, וואָס שעהן.

„צי ווייסט איהר, אַ שטייגער, וואָס מיינט דאָס
„אַפּסטעז" און „טאַפּ פלאָר" און „די בעק"

„און „לענדלאָרד“ און „קאַרט“ און „סיידוואָק“
„און „זוכען אַ דזשאָב“ און „ס'איז סלעק“?

„אַלבעטשע איהר ווייסט ניט וואָס „בלאָף“ איז.
„און „העלפּ יורסעלף“ ווייסט איהר וואָס מיינט?
„אוי, גרינהאָרנס, ווילדע באַרבאַרען!
„קאָלאָמבוס וואָלט איך דאָך פערשטיינט“.

און שטעהען וועט דער עולם און טראַכטען:
„ס'אַ מזיק! ער רעדט דאָס אַ שפּראַך!“
און איך וועל זיךברייען אוןברייען,
ארומריידען איטליכע זאַך.

און רענטען וועל איך דאָרט אין וואָלעדניק
ביי נחום דעם שמש אַ „פלעט“,
און קויפען אַ שעהנע קאַנאַפּע,
און קויפען אַ הילצערנע בעט;

און הייסען מיר קאָכען אַ קרופּניק,
איך זאָג אייך, ס'אַ מאכל, אַנטיק!
אַהיים וועל איך פאָהרען קיין וואָלעדניק,
אַהיים וויל איך קומען צוריק.



# א סוחר

איך קאָן דאָ אַ סוחר, אַ סוחר אַ היעגען,
ער קומט ניט פון „יוראָפּ“ צופאָהרען.
נויאָרק איז זיין היימאטה, דאָ איז ער געבאָרען,
און דאָ אויך אַ סוחר געוואָרען.

געקליידט איז ער אָרים: אין קורצינקע הייזלעך,
אין לאַנגע, אין קינדערשע זעקלעך.
זיין אויסזעהן — אַ קלאָהר־וויים, אַ מילדעס געזיכטעל,
מיט צאַרטע, מיט בלייכינקע בעקלעך.

דאָס העלזעל צושפּיעליעט, די אַרבעל פערקאַטשעט,
עס גיסט איהם דער שוויים פון דעם פּנים.
ער רופט אוים זיין סחורה, איז שרעקליך פערהאַוועט,
און זוכט מיט די אויגלעך בעלנים.

ער פּעדעלט מיט צאָהן־העלצלעך, קוואַס און גאַזעטען,
מיט סם אויף צו ממית׳ן פליגען.
און „נאָז־טיכלעך, נאָז־טיכלעך צוויי פאר אַ ניקעל!“
הערט איהר פון ווייטען זיין נגון.

ער זוכט קיין חברים. די צייט איז איהם טייער.
ער האַלט זיך מיט זיי פון דער ווייטען.
נאָר ריהרט איהם אָן איינער, דאַן שטעלט ער זיך אָב באַלד
און ברעכט איהם אויף גיך אָן די זייטען.

און ווידער צום האַנדעל, ער יאָגט זיך און האָוועט,
ער הויבט אָן דעם וועג אייך פערלויפען,
און שטרעקט אויס אַ צאַרטע, אַ נאַקעטע הענטעל
און באַט אייך אָן עפּעס צו קויפען.

און שפּעט ביי־נאַכט קומט ער אַהיים פון די ביזנעס.
עס געהט איהם אַנטקעגען די מאַמע.
„אָ, סעם, אַזוי שפּעטליך“ — זי קוקט אויף איהם צערטליך, —
„דו ביזט דאָך פערמאַטערט מסתמא“.

זי זעצט איהם אַנידער. זי שניידט אָן אַ ברויטיל
און שמירט אָן אַ שטיקעל מיט פּוטער.
ער ציילט אויס דעם פּדיון, — די איינציגע פּענים
און גיט דאָס אַלס איבער דער מוטער.

„איך בין אַזוי מיעד, אַזוי שלעפעריג, מאַמע.
„פערגעס מיך ניט אויפוועקען מאָרגען.
„איך האָב היינט פערשלאָפען, די פּייפּערס פערשפּעטיגט,
„איך מוז דאָס וואָס פריהער בעזאָרגען.

„פערגעס־זשע ניט, מאַמע!“ — זי מאַכט זיין געלעגער.
ער טהוט אויס די שיכלאך און זעקלאך,
און ווערט באַלד אַנשלאָפען. זי שטעהט ביי זיין בעטעל
און קושט איהם די בלייכינקע בעקלאך.

זי גלעט זיינע צאַרטינקע הענטלאך און מורמעלט :
„מיין אוצר, מיין ליכטיגער שטערען !“
זי פּרעסט איהם פּאַמעליך צום האַרצען, און ס׳ווערען
פערפילט איהרע אויגען מיט טרעהרען.

# אין אמעריקא איז דער טאַטע

„אין אמעריקא איז דער טאַטע
„דיינער, זונעניו.
„דו ביזט אַ קינד נאָך, שלאָף לעת עתה,
„אוי לע־ליו־ליו־ליו.

לודלאָוו סטריט... ביטערנעש... וואָהנונגען פינסטערע..
קויטיגע שטיגען אַ סך...
זונעניו, דאָ וואָהנט דיין טאַטע, דיין ארימער!
אָפּגעצעהרט איז ער און שוואַך.

„דאָרטען עסט מען אין דער וואָכען
„חלה, זונעניו.
„יאַיכליך וועל איך דיר דאָרט קאָכען
„אוי לע־ליו־ליו־ליו....

צדקה קיך... טוכלעקייט... ברויט אַלט־געבאַקענע..
שיטערע, ביטערע יויך...
זונעניו, דאָ עסט דיין טאַטע, דיין ארימער!
קלאָגט ער זיך: ס'טהוט וועה דער בויך.

„ער וועט שיקען צוואַנציג דאָלאר
„און זיין פּאָרטרעט דערצו.
„און ער וועט נעהמען, לעבען זאָל ער,
„אונז אַהינצו צו.

גלוסט ער אַ שיפסקאַרטע קויפען אויף אויסצאָהלען,
קלויבט זיך אַהיים שוין פון לאַנג....
זונעניו, ס ל ע ק הייסט אַ צייט אַזאַ ביטערע,
שטעהט דאָס דיין טאַטען אין גאַנג.

„ער וועט חאַפּען דיך צום קושען,
„טאַנצען אַזש פאַר פרייד.
„און איך וועל קוועלען, טרעהרען גיסען,
„וויינען שטילערהייט.

טוהט וועה אין האַרצען איהם, הוסט ער זיך צייטענווייס,
ס'דריקט איהם דאָרט עפּעס צענויף....
זונעניו, ס'הערשט אַזאַ קראַנקהייט דאָ, „אויסצעהרונג“,
ס'ליידעט דיין טאַטע דערויף....



# עס קלאַפּט

(אַ מאָנאָלאָג אין אַפּטייק).

דעהט מאַכט עס געטריי, הערר אַפּטייקער, און פּינקטליך
צום גראַד... איהר פערשטעהט וואָס איך מיין.
און מאַכט דאָס וואָס שטאַרקער, איך בעט אייך, עס זאָל זיך
אין איטליכען אבר צוגעהן.

ס'איז קאַליע מיר עפּעס דאָס לייב מיינס. ניט גוט דאָרט.
איך בין ערשט ביים דאָקטאָר געווען,
געפרעגט איהם דעם שכל, וואָס ס'פעהלט מיר אויס אָטהעם
און וואָס מיט מיין האַרץ איז געשעהן.

עס בונטעווע׳ט זעהר מיין הארץ זיך, עס ווארפט זיך,
אט שפרינגט דאס ארום מיט א האסט,
אט שטעלט זיך דאס אפ גאר, אט האמערט דאס ווידער.
אין קאפ עפעס דריקט אזא לאסט.

א בעלן זיין וואלט איך נאר וויסען, וואס קלאפט דארט,
מיר דאכט זיך אטייפעל דארט ליגט
און רייסט פון מיר שטיקער, און האלט איין מיין אטהעם
און דריקט מיך, — איך ווער שיער דערשטיקט.

מיך וואלט דאס ניט אַרען, עס קלאפט דארט? זאל קלאפען...
איך האב אבער קינדערלעך צוויי,
צואוויינט זיך מיין גאלדע און כאפט זיי צום קושען;
ס׳א גרויסער רחמנות אויף זיי!

צואוויינט זיך מיין גאלדע און שיקט מיך צום דאקטאר.
„וואס איזט" — זאגט ער — איהנען געשעהן?"
„עס קלאפט"—זאג איך—„דאקטאר, עס קלאפט ווי א האמער,
איך וויים ניט פון וואנען, פון ווען".

ער הייסט מיר זיך אויסטהאן, ארומגעהן, זיך לייגען
און אטהעמען, צעהלען ביז פיער.
ער שאקעלט אזוי מיט דעם קאפ אלץ און שרייבט דארט,
און קוקט אויפ׳ן זייגער, אויף מיר.

„זי ברויכען אין בעט זיין, מיין ארימער יודע,
דאן נעהמען זי דאס מעדיצין".... —
געפעהלט איך א חכם? אין בעט אריין שלעפען
דעם אייזען, די שער, די מאשין?

איך פרעג איהם: „הערר דאָקטאָר, וואָס איז דאָרט צובראָכען?
וואָס שפּרינגט דאָרט ארום אין מיין ברוסט?“
ער ענטפערט קיין וואָרט ניט, דערלאַנגט אַ רעצעפּט מיר,
איך שטעה צו איהם צו, — ס'איז אומזיסט.

הכלל, הערר אַפּטייקער, נעהמט מאַכט דאָס רעצעפּטעל,
אַצינד פריהער גאָט, נאָכדעם איהר.
און מאַכט עס זאָל אויפהערען רייסען דאָס האַרץ זיך
און קלאַפּען און צאַפּלען אין מיר.

זאָל אויפהערען קלאַפּען! אַ'ן ענדע זאָל נעהמען,
אַ'ן ענדע, אַהין צי אַהער!
איך צאַנק, איך געה אוים ווי אַ גראָשענע ליכטעל,
איך קען ניט, איך קען שוין ניט מעהר!

איך קען ניט... צוויי קינדערלעך שוואַכע... און גאָלדע —
געוועזן אַזאַ העלד, אַ פּאַרשוין!
פערפינסטערט געוואָרען! — דאָס האַרץ ווערט צוריסען...
איך קען ניט, איך קען שוין ניט מיין!...



# א זיסער חלום

אדרעמיל געטהאָן האָט זיך יוסיל אין שאַפּ;
און ס'האָט זיין פאנטאַזיע צושפּיעלט זיך:
פערגאַנגען אין טראַגען איז זינגערס מאַשין,
געבוירען אַ סטענדיל... ער פיהלט זיך

אַזוי ווי אַ קיסר... מען שטעהט אַרום איהם,
און איטליכער שטופּט איהם אַ פּעני:
— דערלאַנגט מיר אַ בליישטיפט! — מיר סעלצער אַ גלאָז!
— אַ סיגאַרעט, מיסטער, פון יענע!... —

מען רייסט איהם די זייטען, ער ווערט אַזש אין כעס,
ער הויבט אויף פאמעליך די אויגען: —
אוי וועה, ס'איז דער פאָרמאַן!... איהם טהוט אַזוי באַנג,
דער חלום, דער זיסער פערפלויגען...



# ניט דא איז דער פּלאַץ
# וואו צו זוכען א זונן

דאָס האָט זיך געטראָפען אַ זומער פאַרנאַכט,
ניט לאַנג ערשט, מיר דאַכט פאַר אַ יאָהרען;
אין עססעקס סטריט, דאַכט זיך, און אפשר אין פיטט —
זייט מוחל מיין שוואַכען זכרון.

געגאַנגען בין איך זיך פּאַמעליך פון שאַפּ,
פערשמאַכט, ווי געוועהנליך, פערמאַטערט;
געטראַכט אַלץ פון נעכטיגען טאָג און פון היינט,
געשמייכעלט צופריעדען: גע'פּטר'ט...

און ס'האָט זיך מיר ראַפּטאָם פערוואָלט אויף דער זונן
אַ קוק טהאָן, צו זעהן איהר מפּלה;
צו זעהן ווי זי פאַלט און זי פאַלט צו דער ערד,
ווי ס'ענדיגט זיך דאָ איהר ממשלה.

ווי אָרים, ווי שוואַך ווערט איהר גאָלדענער שטראַהל;
זי קאָן שוין ניט בלענדען די אויגען;
זי שעהמט זיך, זי קוקט אַזוי רויט און פערפלאַמט,
ווי ס'ווערט אַלץ מיט שאָטענס בעצויגען.

און ניעדערט אַראָפּ אַלץ, אַראָפּ צו דער ערד,
און ווערט דאָרט אין אָבגרונד פערפאַלען...
און ס'האָט זיך פערוואָלט מיר דאָס אַלעס צו זעהן;
איך בין אויף די זאַכען אַ בעלן.

און אָפּגעשטעלט האָב איך זיך דאָרטען אין גאַס
אין מיטען געדראַנג און דעם טומעל,
און צווישען אַ פּושקאַרט, אַ בערגעלע מיסט
פערהויבען די אויגען צום הימעל.

צום הימעל... עס רעדט זיך אַזוי נאַר, איך מיין —
געקוקט האָב איך העכער און העכער;
געזעהען אָבער טענעמענטס, פייער עסקייפּס,
און שעפּער מיט קויטיגע דעכער.

און דראָטען פערצויגען אַהין און אַהער;
אין מיטען דער גאַס אַ מודעה:
„געדיינקט אונזער יעהרליכען פּיקניק, געדיינקט!"
„פּראָגרעסיוו יאָנג מען אָוו פּולנאי"...

און צווישען דאָס אַלעם אַרויסגעקוקט האָט
אַ שטיקעלע הימעל אַ בלייכער.
אַ שטיקעלע הימעל, אַ שפּאַן אויף אַ שפּאַן.
פון איהר, פון דער זונן, גאָר קיין זכר...

און ס'האָט מיך פערדראָסען די זאַך אַזוי שטאַרק:
אוי, סטייטש, היתכן, ניט זעהען
קיין ליכטיגע זונן און קיין איינציגען שטראַהל ?!...
ווי קען אַזאַ זאַך גאָר געשעהען ?

און אויסגעשטרעקט האָב איך אַלץ שטאַרקער מיין קאָפּ
און העכער די אויגען געהויבען.
נאָר דאָ האָט זיך פּלוצלונג געטראָפען אַזוינס,
אַזוינס וואָס ס'איז שווער גאָר צו גלויבען.

אַ שטויס האָט מיר עפּעס געגעבען אין קאָפּ,
אַ פּאַטש — אין געזיכט, אין די אויגען,

אַ קנאַל האָט דערהערט זיך, אַ שרעקליכער קלאַפּ,
פערביי מיר איז עפּעס געפלויגען.

אַ'ן אַדלער? חלילה! א... בינטעלע מיסט,
און ס'האָט מיך פערשאָטען אין גאַנצען
מיטביינדלעך פון פלוימען, מיט שטיקלעך ציגאַר,
מיט שאָלעכץ פון נים און מאַראַנצען...

געגאַנגען הפנים איז דאָס פון דער הויך,
און איך האָב אין וועג זיך געטראָפען...
אַ נס וואָס איך האָב ניט גע'חלש'ט צום טוידט,
געשטאַרקט זיך דאָס האַרץ און אַנטלאָפען...

און איך האָב מיר דאַמאָלסט געפאַסט אַ בעשלום:
ניט לעכצען נאָך זונשיין, נאָך שטראַהלען.
ניט דאָ איז דער פּלאַץ וואו צו זוכען אַ זונן —
עס קען נאָך אין קאָפּ עפּעס פאַלען...



# פערלאנגט הענד

ערוואַכט האָב איך איינמאָל אַ ווינטער פאר טאָג,
און גיך, גיך אַראָפּ פון די שטיגען.
אין גאַס זיך געלאָזען, געקויפט אַ גאַזעט.
געהאָפּט האָב איך דאָרטען צו קריגען

אַ קונה אויף פּראַצע, אַ בעלן אויף שוויים,
אַ סחורה וואָס כ'האַלט אין פערקויפען...
צונעהם איך אין איין האַנד אַזוי דעם גאַזעט,
און בלאָז אין דער צווייטער אין הויפען.

איך וואַרים זיך, הייסט דאָס, און טאַנץ דערביי צו,
ווייל קאַלט איז געווען דאַן, אַ מורא.
און זוך זיך אין „מענליך און ווייבליך פערלאַנגט“,
וואו פאָדערט זיך ערגעץ מיין סחורה.

איך זוך און געפין באַלד: „פערלאַנגט — זעה איך — הענד
צו צונעהען קנעפליך צו הויזען“.
מיין האַרץ ווערט מיט לעבענס־לוסט פול אָהן אַ ברעג,
מיין וועג, זעה איך, שפּרייט זיך מיט רויזען.

איך קנעפּעל צו האַסטיג מיין רעקיל און געה,
איך אייל זיך און אייל זיך סכנות!
אַ ווינד נאָר פערצוימט מיר מיט רוגזה מיין וועג,
און פייניגט מיך גאָר אָהן רחמנות.

און ס'נעהמט מיך אַרום אַזוי האַרציג דער פראָסט.
(אַ טייפעל, נאָר ס'קריכט צו קבצנים!)
און דרעהט מיר אַן אויער, און שנאלט מיר אין נאָז,
און קנייפּט מיך, און ברענט מיר דאָס פּנים.

נו, הער איך ניט צו זיך און געה מיר מיין וועג,
און קוק צו ווי ס'הויבט אָן צו טאָגען;
ווי בלאַס ווערט דער מזרח, ווי ס'וואַכט אויף די גאַס,
ווי ס'האַווען שוין מענשען און יאָגען.

און מיינער יאָגט אויך מיט. איך פיהל אַזאַ שטאָלץ:
מיט לייטען גלייך, הייסט דאָס, פערנומען.
געגאַנגען, געגאַנגען אַזוי בין איך ווייט,
דערגאַנגען זיך ענדליך, געקומען.

גערקומען צו פריה נאך: ס'איז אלעס נאך צו,
פערשפארט זיינען טיהרען און טויער.
צו פריה, נאר עס שטעהט שוין א בחור און ווארט,
און פריהרט זיך, און האלט זיך ביים אויער.

דא פאל איך אראפ שוין. מיר ווערט אזוי קאלט.
איך שטעל זיך פון ווייטען פערביטערט.
מיר קוקען זיך איבער אזוי אין דער קרום,
ברוגז, פערשטעהט זיך, צושפליטערט.

מיר קוקען זיך איבער, און פלוצלונג, איך שטוין:
א חבר אן אלטען דערקען איך.
„וואס מאכסט דו מיין גוטער, מיין הארציגער פריינד?
„וואס מאכסט דו מיין טייערער העניך?

מיר דריקען די הענד זיך מיט ליעבשאפט און פרייד,
מיר טוליען זיך איינער צום צווייטען,
און ווארימער ווערט אונז, און היימליך, און גוט.
פערגעסען אן אונזערע נויטען.

א צייט אזא לאנגע שוין זיך ניט געזעהן;
פערברייננגען מיר לעבהאפט און ריידען.
פערפולט איז די הארץ דאך די יונגע, פערפולט
מיט ליידען אזוי פיעל און פריידען.

און פלוצלונג פערטויבט אונז א הייז'ריגער פייף,
און ס'עפענען ברייט זיך די טיהרען.
מיר ווערען צעטומעלט א ווייל, בערוישט,
און קאנען פון ארט זיך ניט ריהרען.

„נו געה, — זאג איך — העניך, פערנעהם זיך דעם פלאץ,
און זאל דיר, מיין חבר, בעגליקען".

„אַ ניין, — זאָגט ער, — דו געה, ביזט עלענד, ביזט שוואַך;
די נויט וועט דיך, ברודער, צודריקען".

—„וואָס פלוידערסט דו, העניך? ביזט דו שוין אַ גביר?
אַט אויך מיר אַ לייט, אַ פערדיענער!..."
איך לאָז זיך אַוועק געהן. ער חאַפּט מיך ביים האַנד:
„דו זיי — שרייט ער — נאָר ניט קיין גרינער!"

„לאָז אָפּ, דו שלים־מזל!" — „הער אוים מיך, דו נאַר!..."
מיר האַמפּערען זיך אַזוי ביטער,
און קריגען זיך זעהר, און טענה'ן, ביז וואַן
אַ בחור בעווייזט זיך, אַ דריטער.

אַ בחור בעווייזט זיך, אין האַנד אַ גאַזעט,
ער שטעלט זיך און הערט אונזער דבור,
און מאַכט ניט קיין שהיות, און גלייך אויף די טרעפּ.
ניטאָ איהם... מיר קוקען זיך איבער.

מיר קוקען זיך איבער מיט צער, מיט פערדרוס,
און קוקען אַראָפּ ווי געשמיסען,
מיר שטעהען אַזוי זיך און שטעהען, ביז וואַן —
מירביידע, חכמים, בעשליסען,

און יאָגען ארויף זיך און צייגען די „הענד";
צו שפּעט אָבער קומען די קרעפּטען.
פערשוואונדען די הויזען, פערשוואונדען די קנעפּ;
זיי האַלטען זיך שוין אין בעהעפטען....

ווי זקנים געבויגען אָהן לעבען, אָהן קראַפט,
ווי וואַנדערער ווייטע, ווי גרים,
צוריק שלעפּען מיר זיך, פערשטויסען, פערשמאַכט,
צוויי אָרימע, בלאַסע חברים.

און ס'הוליעט און ס'פייערט אַ ברענענדער פראָסט,
און האַלזט אונז, און שטעקט אונז אָפּ שלום.
און ס'דאַכט זיך, עס שפּאַסט פון אונז ביטער די וועלט,
און ס'דאַכט אונז מיר געהען אין חלום....



# טענות

געקומען איז חיים אַהיים פון דער ארבייט,
אַ פאַל געטהאָן מיעד אויפ'ן בעטעל;
(מיר שלאָפען דאָרטביידע, צוויי יונגע חברים,
געקומען אַהער פון איין שטעדטעל).

און האָט זיך צו'טענה'ט: „דו זאָג מיר נאַר, קאָפּ־מענש,
„דעם שכל, צו וואָס דאָס איז אַלעם?
„צו וואָס אַזאַ פלאָנטער, אַ ביטערעס לעבען
„אין נויטה, אין בזיונות, אין דלות?

„געאַרבייט, געפּראצעט אַ טאָג אַזוי ביטער,
„געשטופּט אַלס, געקוקט אויפ'ן זייגער...
„דערלעבט קוים, גע'פּטר'ט... געקומען פערמאַטערט,
„געפאַלען אין בעט ווי אַ פּגר.

„איך פרעג דיך, דו גזלן, וואָס טויג אַזאַ אומגליק?
„צו וואָס זיך דאָ פּלאַגען און קריינקען
„און שטופּען די טעג אָהן אַ שכל, און אימער
„נאָר לעכצען נאָך עפּעס און ביינקען?

„צו וואָס זיין פערשקלאַפּט דאָ און קליין און געפאַלען,
„צוטראָטען אַזוי ווי אַ וואָרים?

„וואו שטעקט דאָ אַ שכל ? איך פרעג דיך, דו קאָפּ־מענש,
„וואָס זאָגען דערויף דיינע ספרים ?

„איך בין אַזוי שוואַך, אַזוי קראַנק און פערמאַטערט,
„און האָב נאָך אַזוי פיעלע יאָהרען...
„צו וואָס אַזאַ קייט אַזאַ לאַנגע, אַ שווערע ?
„צו וואָס זיינען מיר דאָ געבאָרען ?

„צו וואָס ?... וואָס־זשע שוויינסט דו ? אַ מיתה משונה !
„דו ווייסט ניט ? נו ווער־זשע דערוואָרגען !
„צום טייפעל די ביכלעך, פערברען זיי ! איך שלאָף שוין,
„איך שלאָף אַזוי אָפּ אַזש ביז מאָרגען...



# א נדבה גיב

אוי ביזט דו אַ טהייער מיידעל,
ארייצסט מיך מיט דיין חן.
דיינע בעקליך, אויגען, ליפען,
אויסגעטאַקט, ווי שעהן !

און זיי בעטען זיך צום קושען :
„נעהם געניס, דו נאַר !"
נאָר איך ציטער, כ'וועל דיך מוזען
הייראַטהען דערפאר,

און ערנעהרען דיך און קויפען
מעביל און געשיר,

און בעהייצען, און בעלייכטען...
כ'האָב ניט, וועה איז מיר!

כ'קאָן אליין זיך קוים ערנעהרען,
אוי, ווי כ'האָב דיך ליעב!
שיינק זשע מיר אַ קוש, אַזוי זיך,
אַ נדבה גיב!



# די זינדערין

פערטראַכט זיצט די אַלטינקע חאַסיע,
אַראָפּ איז געווענדעט איהר בליק;
איהר פּנים — צוזאַמענגעשרומפּפען,
צורונצעלט, ווי פּאַרמעט אַ שטיק.

און ס'געהען פּערביי איהר אין מח
אַ זעכציג מיט עטליכע יאָהר.
— זיי זאָגען ס'אַ חלום, אוי, ס'דאכט איהר
געשעהן איז דאָס אַלץ אויפ'ן וואָהר.

צושטעלט זי די יאָהרען אין רייהען
און געהט זיי פּערביי מיט אַ בליק.
ווי שוואַרץ און ווי פינסטער זיי זיינען,
אָהן פרייד, אָהן אַ שטיקעלע גליק.

ווי לאַנג, לאַנג עס ציהט זיך דער פּלאָנטער —
דאָס לעבען אין דחקות, אין נויטה!

אוי, וויפיעלע טרייע און ליעבע
אַוועקגעלייגט האָט שוין דער טוידט!

אַוועקגעלייגט ברידער און שוועסטער,
און קינדער, און פריינד אָהן אַ צאָהל.
געמיינט אַלץ: אָט קלאַפּט ער צו איהר אָן,
געריכט זיך אויף איהם אַלע מאָל.

ער האַלט זי צו אָבער אויף שפּעטער.
צו וואָס? אוי, זי ווייסט ניט אַליין.
וואָס נוצט אַ צובראָכענער שפּענדעל?
זי פיהלט אַזוי שוואַך זיך און קליין.

אַ לאַסט נאָר אויף יעדען אַ שווערע.
עס וואַרפט זיך די שנור אַלץ און שרייט:
קיין אָרט ניטאָ, וואו זי צו לייגען,
ניט אויסגערעדט זאָל זיין, שוין צייט...

שוין צייט איהר זיך אויפהערען פּלאָנטען! —
זי פיהלט, אַז די שנור איז גערעכט,
שוין לאַנג צייט — דער גאַסט אָבער קומט ניט,
זי קוקט אויף איהם אויס גאַנצע נעכט.

צושטעלט זי די יאָהרען אין רייהען
און געהט זיי פערביי מיט אַ בליק.
ווי שוואַרץ און ווי פינסטער זיי זיינען!
זי וויל זיי ניט האָבען צוריק.

ווי פינסטער זיי זיינען, דאָך ווייסט זי,
דאָס ערגסטע עס קומט ערשט דערנאָך:

אַ חבוט הקבר, אַ גיהנום,
וואו ס'פלאַקערט אַ זעקס טעג אין וואָך.

אָט ברענט מען זי דאָרטען אויף שפּיזען,
מען ווארפט זי אויף זודיגע בלעך.
זי שרייט מיט סכנות נפשות,
מען גיסט אויף איהר קאָכיגע פּעך,

ווייל זי איז אַ רשע מרושע,
און ז'פול מיט עברות און זינד.
זי קען זיי ניט אַלע געדענקען,
דאָך ווייסט זי, זי האָט דאָס פערדיענט.

קיין צדקה האָט זי ניט געגעבען,
קיין הייליגע תחינות געזאָגט,
זי האָט דאָך קיין עברי געלערענט,
זי האָט קיין שכר למוד פערמאָגט.

ווער ווייסט נאָך, צו האָט זי געזאַלצען
דאָס פליישׁ, ווי די תורה בעפעהלט?
ניט היינט געדאַכט, ס'האָט שוין געטראָפען
ז'האָט חלה צו נעהמען פערפעהלט.

אָט פרומע רב ליב'ס, די נגידה,
מיט כבוד וועט קומען אַהין;
געטאָן האָט זי צדקה און מצוות,
און אָבגעהיט איטליכען דין.

איהר דאַוונען, איהר זאָגען די תחינות
פערקלינגט אַזש די ווייבערשע שוהל.

עס וואַרט שוין אויף איהר אין גן עדן
מסתמא אַ גאָלדענער שטוהל.

אויף איהר אָבער, חאַסיען, ערוואַרטען
נאָר אייזערנע ריטער און שטראָף.
אַ גיהנום פאַר איהר איז דאָס לעבען,
אַ גיהנום פאַר איהר איז דער סוף.

ניט די וועלט פאַר איהר און ניט יענע,
ס'אַ ביטערען מזל זי האָט.
הפנים זי האָט איהם דערצאָרענט,
זיך צופיעל פערזינדיגט פאַר גאָט.

דאָך פליהט דורך אין קאָפּ איהר אַ שאלה:
צו כאַפּט ער ניט איבער די מאָס?
ער קאַטעוועט, דאַכט זיך, שוין צופיעל,
ווארום, און פאַר וועןָ, און פאַר וואָס?...



# נייא-יאהר

---

שטעהט לייבע דער שניידער אין דרייען געבויגען,
אין טלית פערוויקעלט, אין קיטעל בעצויגען;
און טענה'ט אַזוי זיך, און טענה'ט און זאָגט זיך,
און ברייעט אָהן אויפהער, און ברייעט און קלאָגט זיך;
זיין קאָפּ איז דערשלאָגען, זיין האַרץ איז צונומען,
און ס'ברעכען די פיס איהם, און ס'טריקענט דער גומען.
און האַרב איז די עברי, פערפּלאָנטעט, אַ מורא!
איהם טהוט אַזוי לייד וואָס ער איז קיין בן תורה,

און ווייסט ניט דעם טייטש פון די דאָזיגע ווערטער,
און ווייסט ניט וואָס רעדט ער, און ווייסט ניט וואָס בעט ער,
און ווייסט ניט וואָס זאָגט ער אַזוי פיעל, וואָס זאָגט ער,
און כורעים וואָס פאַלט ער, אין האַרצען וואָס שלאָגט ער?
צי בעט ער געזונד, צי פרנסה, צי קינדער,
צי רעדט ער פון כלל, צי פון יעדען בעזונדער?
אוי, ס'איז אַלץ פערבאָרגען פון איהם, און פערהוילען,
און ס'איז דאָך אַזוי פיעל פאַראַן צו דערצעהלען!
אַ גאַנצינקען יאָהר אַלץ געקליבען, געקליבען:
אין האַרצען — פערצייכענט, אין מוח — פערשריעבען,
ווי ס'האָט זיך געמאַטערט, געמאַטערט זיין ביילע,
ווי ז'האָט זיך געצאַפּעלט, געצאַפּעלט די חולה,
געהויבען צו איהם מיט געבעט איהרע בליקען:
ער האָט ניט געהאַט זי מיט וואָס צו דערקוויקען,
איהר ביטערען לעבען מיט וואָס צו פערזיסען,
און ס'האָט זיך זיין האַרץ איהם געריסען, געריסען.
אָט שפּרייט זי די הענד אוים... אָט בלייבט זי אָהן לשון, —
און אָט שוין אין גאַנצען אויף אייביג פערלאָשען...
אין שטוב איז אַ חורבן, די קינדערלעך קלאָגען,
עס לערענט זיך שימעלע קדיש צו זאָגען.
אויף אַלצדינג פערשפּרייט זיך אַן אומעט אַ שווערער,
די שטוב ווערט פערלאָזען אַלץ מעהרער און מעהרער.
אָט ווערט קראַנק דאָס קליינטשיקס, עס בייגקט נאָך דער מאַמען,
עס געהט אוים פּאַמעלעך... — זיי ליעגען צוזאַמען...
און ס'וואַקסט אַלץ דער דלות, ניטאָ וואו פערדיענען,
און רייזעל, פון צעהן יאָהר אַ מיידעל, געהט דיענען.
און ס'לאָזט זיך אַוועק אין דער ווייטענס זיין מאָטעל,
ער שרייבט ס'איז ניט גוט איהם, ער געהט אַרום בטל.
אוי, וואו נור געקעהרט זיך, — עס וועהטאָגט, עס בלוטיגט;
ער פיהלט אַזוי שוואַך זיך, צובראָכען, ענטמוטהיגט!

אוי, ס'ווילט זיך דערצעהלען, דערצעהלען פון אַלעס,
אַנטפּלעקען די וואונדען און צייגען דעם דלות!
אַ גאַנצינקען יאָהר אַלץ געקליבען, געקליבען,
אין מחזור, מסתמא, איז אַלצדינג בעשריבען,
נור האָרב איז די עברי, פערפּלאָנטעט, אַ מורא!
איהם טהוט אַזוי לייד, וואָס ער איז קיין בן תורה,
און ווייסט ניט דעם טייטש פון די דאָזיגע ווערטער,
און ווייסט ניט וואָס רעדט ער, און ווייסט ניט וואָס בעט ער,
און ווייסט ניט וואָס זאָגט ער אַזוי פיעל, וואָס זאָגט ער,
און כורעים וואָס פאַלט ער, אין האַרצען וואָס שלאָגט ער?...



# הערבּסט

אוים זונענשיין, שטראַהלען, אוים קעניגרייך־פּלאַנצען! —
אַ צו'הרג'עטע ליעגען די גראָזען.
עס סוד'ען זיך אומעטיג נאַקעטע צווייגען,
און קוקען זיך איינזאַם פערלאָזען.

פערבייגען זיך בעטלעריש ריעזיגע סאָסנעס
און גאַרען אַ שטראַהל זיך צו קוויקען.
אומזיסט זייער בעטלען: פערוואָלקענט דער הימעל,
פערשפּרייט מיט אַ דעקטוך אַ דיקען.

דערזעה איך די גרויסע פערוויסטונג, וואָס הערשט דורך,
ווי ס'נעהמט אַלץ אין שוואַרצען זיך דעקען, —
אַן אומעט פערכאַפּט מיך, אין ליידען דערמאָנט זיך,
אין בילדער פון גרויזאַמען שרעקען.

צזיאָמערט זיך פאַרכטיג אַ שטעכיגעס ווינטעל,
דערמאָנט זיך אין גרויסע שפּיטאָלען,
אין טוידט־שמערץ געשרייען, אין צאַפּלען פון קערפּערס,
אין אברים צו׳מזיק׳ט, געשוואָלען.

פערשפּרייט זיך דער הימעל מיט גרויזאַמע וואָלקענס,
אין קערקערס דערמאָנט זיך, אין גראַטעס,
אין מענשען פערוויסטע, אין קייטען געפּענטעט,
אין שימעל פערזונקען, אין שמאַטעס.

צוקאַפּעט זיך העסליך אַ דריבנינקער רעגען,
דערמאָנט זיך אין שוואַרצע פאַבריקען:
אין רוישען פון רעדער, אין מענשען ווי שאָטענס,
אין טריבע, פערלאָשענע בליקען.

צושאָקעלט זיך שמערצליך אַ בוים אַ פערדאַרטער,
פאַרביי געהט מיין אָרימעס לעבען:
דערמאָנט זיך מיין בלאַסע, מיין טרייסטלאָזע יוגענד,
דערמאָנט זיך אן חדר, אן רבי׳ן...

צופאַלען זיך בלעטער פערוועלקטע אין אונמאַכט, —
דערמאָנט זיך אין טוידט־שמערץ, אין קברים,
ווי לעבענס פערוועלקען, אָהן שכל, אָהן אינהאַלט,
ווי שוצלאָז מיר זיינען, ווי אָרים!...



# מיין חאנקע

אוי, בין איך אייך, פריינד מיינע, דיכטער, מקנא,
די הייליגע ליעבע ווי שעהן איהר בעזינגט.
מיט ווי פיעלע געטינס, און רייצענדע הימלען,
און ראָזען, און ליליען דאָס ליעד אייערס קלינגט.

ווי שעהן איהר בעזינגט זיי, די „הימלישע טעכטער",
מיט קלוגע אַזעלכע, געשליפענע רייד;
ווי ס'ווערט זייער שמייכעל אין זונשיין פערוואַנדעלט,
און זייערס אַ תנועה — אין פליגלען פערקליידט.

נו, האָט זיך פערוואָלט מיר אייך נאָכטהון, חברים,
בעזינגען אַ חאַנקען, אַ מיידעל, אַ קרוין;
אַ טהייערע איז זי, אַ צערטליכע חאַנקע,
געוועון וואָלט דאָס מיידעל אַ גרויסע פּאַרשוין,

ווען זי וואָלט אין שאַפּ ניט פערשווענדעט איהר יוגענד,
און וואָלט ניט איהר קערפּער, איהר שעהנעם פערצעהרט.
נאָך זאַנפטער, נאָך שעהנער וואָלט אויסגעקוקט חאַנקע,
ווען זי וואָלט קיין טאַטען און מאַמען ערנעהרט.

נו, זיצען מיר איינמאָל אין שטאָדטישען גארטען,
זי לעגט אויף מיין אַקסעל איהר צאַרטעם געזיכט;
נו, גנב'ע אַ קוש איך, נו, וויל זי ניט ליידען:
„איך וואָלט זיך אויף דיר—זאָגט זי—דאָס ניט געריכט"...

„דו ווייסט, זאָג איך, חאַנקע, איך וויל דיך בעשרייבען,
בעזינגען דיך, הייסט דאָס, אַזוי מיט דער פען.“
זי הייבט אויף די אויגען און פרעגט מיך פערוואונדערט:
„מיך ווילסטו בעשרייבען? פאַר וואָס און פאַר ווען?“

„אוי, נאַרישע חאַנקע. אַזוי, זאָג איך, פיהרט זיך,
„אַ מיידעל אַ שעהנס ווערט בעזונגען דורכאויס...“
פערשעהמט זיך מיין חאַנקע, פערקוקט זיך אַראָב־צו,
און שעמענדיג לעגט זי איהר קאָפּ אין מיין שויס.

„בעשרייב מיך ניט, זאָגט זי, בעשרייב מיך ניט ערגעץ,
„איך בעט דיך, מיין ליעבסטער, דו זאָלסט עס ניט טהאָן.
„נו, ליעבסטו אַ חאַנקע׳ן, אַ נאַרישע מיידעל,
„נו וואויל דיר. צי געהט דאָס דען אימיצען אָן?

„בעזינג ניט קיין ליעבעס, קיין געטליכע וועזענס,
„קיין גאָלדענע לאָקען, קיין הימלישען בליק.
„בעזינג משה־יוסלען, וואָס שרייט „הייסע אַרבעס“,
„און לעכצעט אַהיים רק, קיין וולעדניק צוריק.

„דערצעהל פון אַ סוחר, וואָס האַוועט און פּראַצעט
„מיט פּייפּערס, מיט קענדי, און ז׳אַלט אַ יאָהר אַכט.
„דערצעהל פון אַ מוטער, אַ בליהענדע יוגענד,
„וואָס ווערט זיך פערפינסטערט, און שוואַרץ ווי די נאַכט.

„בעזינג זיי, די קראַנקע, צובראָכענע הערצער,
„די לעבענס, וואָס ווערען צוטראָטען, פערשטיינט.
„בעזינג אַ פערפינסטערטען, אָרימען טאַטען...“
ס׳אַ נאַרישע מיידעל, — זי האָט זיך צוּוויינט.



# א לעהרער

(בילדער פון דער היים).

א קליינער, דאַרער מענשעלע,
א אַ שטילע, שוואַכע בריאה'לע,
אַ כלי אַ צובראָכענע.
דערקאָנט איהר איהם דעם דאָזיגען,
דעם אָרימען פערשוין?

געדיינקט איהר דעם דערשלאָגענעם,
דעם פינסטערען, פערזאומערטען,
דעם אָרימאַן, דעם ביטערען,
דעם לעהרעריל, דעם אידישען
דעם האַלב־אינטעליגענט?

איין אַלטער, אַלטער קאַפּעלוש,
אַ קויטיג שוואַרצע פאָרהעמדעל,
אַ שניפּס איין אומגעלומפּערטער,
אַ רעקיל איין אַלטמאָדישער,
און שיך שוין לאַנג פעררריכט...

ער איילט זיך אויף אַ לעקציע,
די אויגען טיעף אַראָפּגעלאָזט,
און שעמט זיך עפּעס מורא'דיג,
און טרעט די וועג אָפּ איטליכען
מיט בושה, מיט געבעט.

ער היצט זיך עפּעס ריידענדיג,
און קוקט זיך אַזוי אומעטיג,

און ציטערט עפּעס הערענדיג,
און שעמט זיך, שעמט זיך בעטלענדיג
זיין בלוטיגען געצאהלם.

אין קאָפּ אַ ים פאַנטאַזיעס.
ער הויבט אָן עפּעס — דאַכט זיך איהם:
אוי, טאָמער... ניין, ס'איז ניט אַזוי...
ווי ווערט מען עפּעס לייטען גלייך?
ווי וואַקסט מען עפּעס אוים?...

ער ווענדעט זיך אַהין, אַהין,
צו גרויסע קעפּ, רעדאַקטאָרען
מיט בריעפלעך, מיט פּראָשעניעס,
קיין ווארשא און קיין פּעטערבורג
אין אָדעססער קאָמיטעט.

און וואַרט, און וואַרט מיט אונגעדולד,
און חדושט זיך, און וואונדערט זיך:
וואָס איז דאָס וואָס מען ענטפערט ניט?
קיין מאַרקעס ניט געזשאַלעוועט...
וואָס איז דאָס פאר אַ פּאָסט?...

ער חזר'ט אָפּט אויף אויסוויינינג,
ער גרייט זיך צו די קורסען אַלם
אויף דאָקטאָר פילאָזאָפיע,
ער קען היסטאָריע, אַלגעברא,
עם פעהלט איהם נאָר לאטיין...

ער ליגט אין ביבליאָטעקעס אָפּט,
און שיבעלט דאָרט, און גריבעלט דאָרט
און וויל עפּעס פערענטפערען

אַ האַרבען שאַרפען רעטענעש,
וואָס מוטשעט איהם אַ גרויל.

ער האָט דאָרט פריינד און ליעבהאָבער:
אַ ביאַליק'ען, אַ פרץ'ען,
אַ טשעכאָוו'ען, אַנדרעיעוו'ען,
און פיסאַרעוו, און טשיריקאָוו,
און מענדעלע, און פרוג.

ער קלאָגט אויף פרעמדע אומגליקען,
ער קרעכצט אויף פרעמדע וועהטאָגען,
ער שאַלט אויף פרעמדע חתונות,
אויף זיך אַליין פערגעסענדיג,
ווי ס'טהוט איהם גאָר ניט וועה.

ער האָפט, און וואַרט, און גרייט זיך אַלס
צו עפּעס, צו עפּעס אַנדערס גאָר...
און ס'פליהען יאָהרען צעהנדליגער.
— „וואָס מאַכסט דו, גוטער ברודער לעב?
„מיט וואָס איז דיין געשעפט?" —

— „אַזוי זיך... חע, נישט קשה'דיג,
עס לעבט זיך, עט, קיין מעשה ניט..."
ער קנייטשט זיך עפּעס שעמענדיג,
ער שפּיליעט צו דאָס רעקעל זיינס
און שפּיליעט תיכף אָפּ.

—„ מיט וואָס זשע פאָרט? — „עט ווייס איך וואָס...
איך געה... איך געה אויף לעקציעס" —
— „אַ לעהרער, נו!" — „חלילה, ניין!
דערוויילע נאָר, דערוויילע נאָר...
איך וואַרף עס באלד אַוועק!"

ער גרייט זיך אַלס און פּלאַנעוועט
און האָט פּאַמעלעך חתונה,
און פּרוכפּערט זיך נישט קשה'דיג,
אַ חדר שוין איין אייגענער...
ער גרייט זיך אַלס, ער וואַרט.

ער קלאָגט זיך עפּעס צייטענווייז,
די לונג, דאָס האַרץ... ס'איז קאַליע דאָרט
דאָס גאַנצע, גאַנצע אינגעווייט,
צורעדט ער זיך — צוהוסט ער זיך,
און דאַרט, און דאַרט, און דאַרט...



# מ ר ד כ י

(אַ פּורים'דיגער פּעליעטאָן).

איך קאָן איהם פון אַמאָל, אַמאָל,
פון חדר נאָך פון אָרימען;
בעקאַנט האָט מיך מיט מרדכי'ן נאָך
מיין רבי חייקיל דן,

בעת ער האָט אונז זינגענדיג,
פּאַמעליך און בנעימות'דיג
דערצעהלט פון אחשורוש'ן
און פון זיין גרויסען טראָהן.

און מרדכי האָט זיך אויסגעמאָלט
ביי מיר אין קינדערש מוח'ל

ווי מאָטיל שרה חנה'לעם,
וואָס וואָהנט פון אונז ניט ווייט:

איין קורץ, איין אָרים יודעלע,
איין קליינעס געלעס בערדעלע,
ער האָט זיך זיינס אַ קלייטעלע,
ער קויפט, פערקויפט און בייט.

און מאָטיל שרה חנה'לעם
איז שטענדיג עפּים אומעטיג,
ער שטעהט זיך ביי זיין קלייטעלע
פערזאָרגט און ווי פערשמאַכט.

איין אַנדערס מאָל דערזעה איך איהם,
דאָס היטעל שטאַרק ארויפגערוקט,
ער צופּט דאָס געלע בערדעלע
און קלערט עפּעס און טראַכט.

און לערנענדיג דאָס מעשה'לע
פון ושתי'ן, אחשורוש'ן,
פון מרדכי'ן און פון אסתר'ן,
ווי ס'האָט זיך דאָ פּאַסירט, —

האָב איך זיך מרדכי'ן אויסגעמאָלט,
ווי מאָטיל שרה חנה'לעם,
וואָס שטעהט זיך ביי זיין מחיה'לע
פער'חושכ'ט און פערשמירט.

נאָר מרדכי דער אַמאָליגער,
דערפיהל איך, איז אַביסעלע
גאָר אַנדערש פון דעם היינטיגען,
פון מאָטלען וואָס איך קאָן;

ווייל יענער האָט געקענט עפּים
לשונות גאָר אַ זיבעציג.
אַזוי דערצעהלט מיין רבי מיר,
מיין רבי חייקיל דן.

ער הערט דאָרט ווי עס שושקען זיך
פאַמעליך צוויי משרתים'לעך,
זיי רעדען גאָר אויף טאַטעריש,
און ער, און ער פערשטעהט.

און גיט באַלד איבער אסתר'ן:
„דו זאָג נאָר אחשורוש'ן,
אַז יענע, יענע חברה לייט
פערטראַכטען איהם אַ טויט".

און מרדכי דער אַמאָליגער
פערבויגט זיך גאָר פאַר קיינעם ניט,
פאַר קיינעם ניט, — אַ תקיף גאָר,
ער ווייסט זיין אייגען ווערטה.

דהיינו פאַר אַ המנ'ען,
אַזאַ מין שטאַרקען אויבערהאַר,
ווי שטעהט ער זיך קאַלטבלוטיג גאָר
און קניהט ניט צו דער ערד!...

און מאַטיל שרה חנה'לעס
דערזעהענדיג אַ פריציל
אַ קנעפּיל, אַ יונישען
פערבויגט ער באַלד דעם קאָפּ:

„אַ פּאַנינקע, אַ האַרינקע,
אַ וואַשע בלאַגאָראָדיע!"

און ס'ווערט פון איהם אַ שמאַטקעלע
כאַטש וויש מיט איהם אַ טאָפּ.

און כ'האָב זיך דאַמאָלס אויסגעמאָלט,
ווי מאַטיל שרה חנה'לעס
דאָרט רייט זיך אויף אַ פערדעלע
פּאַמעליך טריט ביי טריט.

און המן שלעפּט זיך טרויעריג
און שרייט אוים עפּים הייזעריג
און אידען לאַכען חדוה'דיג:
„אַ מצוה! זעהר גוט!"

און מאַטיל פאָהרט זיך רייטענדיג
און קנייטשט זיך עפּים שעמענדיג
און גלעט דאָס בערדיל שמייכלענדיג:
„עט, שייך, מאַלע וואָס!...

„כ'לעבען, ס'איז גאָר איבעריג,
„איין עובדא, כע, סאַ נאַרישע,
„סאַ שפּילעכ'ל, סאַ קינדערשע
„כ'מע!... וואָס טויג מיר דאָס?...

„אין מיטען טאָג אַ העטשקען זיך!
„צי האָב איך דען גאָר צייט אויף דעם?
„אַ פולע קלייט מיט קונים דאָרט!
„איך ווער דאָך פּדיון אָן!

צי קען דען מיר אַראָבפאַלען
„פון דעם עפּים אין קעשעניע?....

„נאָה גלאַט דער פּריץ הייסט אַזוי,
„מען מוז שוין דאָס איהם טהון!“....

און זרש די אַרורה מיינט
אַז מרדכי פיהרט דאָס המנ׳ען,
נו, כאַפּט זי דאָרט אַ טעפּעלע
און גיסט אויף איהם מיט כעס....

דער רבי שמייכעלט חנונ׳דיג,
מיר אַלע לאַכען חדוה׳דיג:
אַ יושר גדול! כאַ, כאַ, כאַ,
אַ קריינק איהר דער מרשעת!...

און כ׳האָב זיך ווייטער אויסגעמאָלט
ווי מאָטיל ווערט איין אויבערהאַר
ביים קיסר אחשורוש׳ן,
אַ גרויסער יענעראַל...

ער געהט שוין אין פּאַליעטען גאָר,
אין קנעפּלעך, אין יונישע,
און טהוט שוין טובות אידעלעך,
און שטעלט זיך פאר׳ן כלל.

און אידען טאַקי שעצען איהם,
מען שטאָפּט איהם מיט כבודים׳לעך
אַ פּתיחה׳לע, אַ מפטיר׳ל,
אַ מזרח־שטאָדט אין שוהל.

און אַלע נור: ר׳ מאָטעלע!
וואָס זאָגט עפּיס ר׳ מאָטעלע!
און מאָטיל קלויבט זיך קערבעלעך,
ער האָט שוין פּיעל און פּיעל.

און אַלע, אַלע חנפ'ן איהם:
„געזונד זאָל זיין ר' מאָטעלע!
אַך, שאַ, אָט געהט ר' מאָטעלע!"
עס קעהרט זיך גאַר אַ וועלט.

זיין ווייב זיצט נאָך אין קלייטעלע,
זי זאָגט אַז ס'איז אַ מחיה'לע,
מען טאָר דאָס ניט אַוועקוואַרפען!...
זי לייזט דאָרט הויפענס געלד.

אַזוי — האָט זיך מיר אויסגעמאָלט —
אַזוי וואָלט זיך בעגאַנגען איצט
אין אונזער צייט אַ מאָטעלע,
וואָס האַנדעלט נור און בייט.

נאָר ווי האָט זיך דאָרט אויפגעפיהרט
אַ מרדכי פון אַמאָל, אַמאָל
וואָס האָט געוואָהנט אין שושן גאַר
אין יענער, יענער צייט?

צי האָט ער אויך בעגאַנגען זיך
אַזוי ווי אונזער מאָטעלע?...
אָט דאָס האָב איך פערגעסען גאָר
צו פרעגען חייקיל דן,

בעת ער האָט אונז זינגענדיג,
פאַמעליך און בנעימות'דיג
דערצעהלט פון אחשורוש'ן
און פון זיין גרויסען טראָהן...



# אידישע קינדער

(בילדער פון דער היים).

.1

פריהמאָרגען. עס שיינט־אויף אַ זונן דאָרט אין מזרח
און שמייכעלט קאָקעטיש, און וויטעט זיך ליעבליך,
און ווארפט פון זיך סנאָפּעס־ווייז גאָלדענע שטראהלען,
און ס'פינקלען און ס'שמייכלען די הייזער און שטיבלעך.

עס לעבט אויף דאָס וועלטעל, עס שטעהט אויף דער עולם,
מען ציהט זיך, מען גענעצט, מען רייבט זיך די אויגען:
פער'חלומ'ט אַ ווײלע, געדרעמעלט אַ ביסעל —
מ'איז ערגעץ משונה פערקראָכען, פערפלויגען.

פריהמאָרגען. מען הויבט אָן צו דענקען, דערמאָנען:
וואו האַלט מען, וואו איז מען, אויף וואָס פאַר אַן עולם?
און — בוכץ!... אין די כוואַליעס פון לעבען פון טיעפען —
מען שווימט שוין, מען נעמט זיך אויף נעכטיגע כלים.

און ווידער די גרויסע, די הייסע מלחמה,
דער אייביגער שטרייט פאַר דאָס שטיקעלע חיות,
און ווידער דער שרעקליכער, ביטערער לעבען
מיט אַלע מיט זיינע משונה הויות...

.2

אַ פּאַלאַץ אַ גרויסער, מיט שטיינער געפּלאַסטערט,
אַ שטאָלצער, אַ הויכער דרייגאָרענדיג מויער.

פריהמאָרגען... אַ אינגיל, אַ שילער, אַ קליינער
בעוויזט זיך פון הויכען, פון אייזערנעם טויער.

אַ קליין גימנאַזיסטעל, אַ שטאָלצער, אַ שלאַנקער
מיט בעקלעך, ווי רויזען, מיט לוסטיגע אויגען,
דאָס קלאָהר־ווייסע פּנים, דאָס העלזעל, דאָס צאַרטע —
אַלץ חן׳עווידיג מילד און אין וואוילטאָג ערצויגען.

עס פינקלען, עס גלאַנצען די מעשענע קנעפּלעך,
דאָס צווייגעל פון היטעל, די לעדערנע שיכלעך,
און ס׳שמייכלט צופרידען ביי איהם אויף די אַקסלען
אַ ראַנעץ אַ קליינער, מיט ביכער און ביכלעך.

מען רופט איהם וואָלאָדיע, וואָלאָדקע, וולאַדימיר
(פערצויגען פון וועלוועל, זיין קינדערשען נאָמען).
זיין פאָטער אַן עושר פון כמה אלפים —
אַן אייגענער מויער מיט עטליכע קראָמען.

און שטאָלץ מיט אַ גדלות, דער קאָפּ הויך פעררייסען,
בעוועגט ער זיך לעבעדיג, מוטהיג און פרעהליך.
און עפּעס אַ כבוד, אַ „שאַ, דרך ארץ!“
בעצייכענט זיין שטאָלצער, זיין דרייסטיגער הלוך.

ער שפּאַנט צו דער פרעהליכער, גרויסער גימנאַזיע,
השכלה און וויסענשאַפט דאָרטען שטודירען,
און מעשות דאָרט הערען פון אַלערליי לענדער,
פון אַלערליי בוימער און גרעזלעך און טהירען.

דאָרט האָט ער חברים, זיי אַרבייטען מעשים,
מען שטיפט אַזוי פריי דאָרט, מיט ברען און מיט פייער,
דאָרט ווערען פערשטאַרקט און ענטוויקעלט די קרעפטען,
דאָרט אָטהעמט זיך עפּעס גאָר פרישער און פרייער.

.3

פריהמאָרגען. ס'ערוואַכט זיך דאָס וועלטעל מיט אימפעט
און ס'שטעהט אויף דער עולם; אַ רעש, אַ טומעל,
און ס'פויזען אום ברואים, מע שטופּט זיך, מע יאָגט זיך,
און ס'שמייכלען די שטראַהלען אין העל־בלויען הימעל...

און ס'ווייזט זיך אין געסעל אַ אידישער אינגעל.
ער קוקט זיך אַראָפּצו מיט ערנסטע אויגען;
דאָס טרויעריג פּנים, דאָס בלאַסע, דאָס דאַרע
מיט עפּעס אַ וואָלקען, אַ שוואַרצען בעצויגען.

אַ לאַנגע קאַפּאָטקע מיט לאַנגליכע פּאות,
פערשטויבטע פּאַנטאָפּעל, אַן אַלטעס קאשקעטעל.
זיין נאָמען פערצייכענט ביי איהם דאָרט אין סדור:
„שייך להבחור אברהם בן עטיל".

„שנפטרה..."—(און דאָרט איז פערצייכענט איהר יאָהרצייט).
מען רופט איהם אויך אָפט מאָל אברמקע, אברמיל.
זיין פאָטער הייסט שמואליק, אַ פּראָסט בעל הבית'ל,
ער האַנדעלט, ער מעקלערט, ער האָט אויך אַ קרעמיל.

ער טרעט אָב פאַר יעדען בעזונדער די סטעזשקע
מיט יראת הכבוד, מיט ציטער און מורא.
דאָס געהט זיך אַ אידישעס אינגעל אין חדר.
אין חדר אין איינגען צו לערנען זיך תורה...

און ווייט איז דער חדר, העט ווייט אין אַ געסיל,
ניט ווייט פון דעם אידישען שטאָדט בית הקברות
אַ חדר פון שמוץ און פון שמיץ פון אַ קאַנטשיק,
פון נויטען, פון בלאָטע, פון ביטערע צרות.

וואו ס'ווערען פערדאָרבען די יונגע, די כחות,
וואו ס'שרייט זיך נאָר שטענדיג און ס'שמייסט זיך כסדר,
וואו ס'לייגט זיך אַ צייכען, אַ אָנדיינק אויף אייביג
פון חדר, פון אידישען ביטערען חדר...

.4

געווען זיינען קינדווייז צוויי גוטע חברים,
געטרייע חברים און נאָהענטע שכנים;
צוזאַמען געשפּיעלט זיך, געשטיפט און געלערענט,
געשמיסען געוואָרען אין חדר אין איינעם.

צוזאַמען געטהיילט זיך מיט יעטווידען ביסען,
צוזאַמען געדאַווענט פון זעלביגען סדור.
זיי זענען חברים געוועזען פון קינדווייז,
געטרייע חברים ווי אייגענע ברידער.

האָט איינעמס אַ טאַטען פערגלוסט זיך די שקאָלע.
און ס'געהען שויןביידע חברים אַנטקעגען....
און ס'געהען זיך לערנען צוויי אידישע קינדער, —
פערשיעדען דאָך זענען שוין זייערע וועגען.

און ס'גהען פערביי זיך די אַלטע חברים,
און כאַפּען בגנבה אַ קוק זיך אין פּנים,
אַ קוק מיט פעראַכטונג, מיט שפּאָט און געלעכטער,
ווי גרויסע מתנגדים, ווי בלוטיגע שונאים.

עס שפּאַנט זיך וואָלאָדיאַ און שמייכעלט זיך גיפטיג
און קוקט אויף אברמלען מיט גרויסען בזיון:
„אָט דאָס איז אַ חניאָקעל, אַן עכטער זשידאָקעל!
„אַ קליינער פאַנאַטיק, אַ ווילדער שגעון!

געפעלט דיר אַ ביסעל דאָס קליין אידיאָטעל,
„געפעלט דיר די פּאות, די לאַנגע קאַפּאָטקע ?!
געפעלט דיר די צורה, די ווילדע, די פאַלשע ?
אַ נעביכיל כלומרשט, אַ שיינע פּאַחאָדקע !...

און ס'שלעפּט זיך אַברמיל בנעימות, פּאמעליך
און קוקט אויף וואָלאָדיען מיט פאָרוואורף און מוסר:
„אַ גוי גאָר געוואָרען, ער וועט זיך באַלד שמד'ען,
„צו קוקט דען דער שייגעץ אויף עפּים אַן אסור ?

„ער האָט היינט אודאי, אודאי פערהיפּערט
„אין גאַנצען דעם דאַווגען, די קריאה־שמע און ברכה
„עס איז גאָר אַ סברה ער שרייבט דאָרט אין שקאָלע
„אום שבת ! אום שבת — אַזא אב מלאכה ! !

און אלע פריהמאָרגען די פיינדשאַפט בענייט זיך,
און ס'געהען פערביי זיך, פערביי זיך כסדר:
אַ שילער פון הויכען, פון רייכען גימנאזיום
א תלמיד פון קליינעם, פון ביטערען חדר.

.5

אַ ווינטערדיג נעכטיל, אַ קאַלטע, אַ בייזע,
און שטיל דורך און פינסטער. עס זעהט זיך ניט קיינער,
עס שנעעט, עס שנעעט, עס ליאַפּעט אָהן אויפהער,
עס שניידט ווי מיט מעסערס, עס קריכט אין די ביינער.

עס שניידט זיך אַ פרעסטעל א שטאַרקער אויף מאָרגען,
די בלאָטע בעדעקט זיך מיט גלעזערנע הייטלאך.
און שטיל איז און פינסטער... און פלוצלונג דערהערט זיך
אַ שלעפּען, אַ קריכען ווי טריט ערגעץ ווייטליך.

דאָס געהט זיך וואלאָדיא צום חבר, צו סאשען,
צו איינעם פון זיינע גימנאַזיע קאָלעגען.
אַ ווייכער, אַ וואַרימער פוטער בעדעקט איהם
און אויבען אַ מאַנטעל וואָס שיצט איהם פון רעגען.

ער שפּאַנט זיך גאַנץ מונטער און דרייסטיג און פרעהליך
און זינגט זיך אוים פייפענדיג פרעהליך אַ נגון.
אָה, אָט איז באַלד סאשא! דאָרט וואַרט אויף איהם חברה,
און ס'טיאָכקעט דאָס הערצעל פון גרוים פערגעניגען.

נאָר פּלוצלונג דערהערט ער... וואָס איז דאָס? מען שרייט דאָרט,
עס גוואַלדעוועט אימיצער מורא'דיג ביטער.
— אוי ראַטעווועט ! ראַטעווועט ! — ס'הערט זיך אין שרייען
אַ גוואַלדיגער פּחד, אַ שרעק און אַ ציטער.

און ס'קלינגען זיך אָפּ אָט די שרעקליכע קולות
אין שטעדטעל אין געסעל, דאָרט העט איז דער ווייטען,
און ס'שטעהט זיך וואלאָדיא פערוואונדערט, דערשראָקען,
ווער שרייט דאָרט ? וואָס איז דאָס ? וואָס קאָן דאָס בעדייטען?

עס איילט זיך וואלאָדיא. — און שטיל איז און פינסטער,
פערוואָלקענט דער הימעל, פערלאָשען די שטערען.
און פּלוצלונג בעוויזט זיך פון ווייטען, פון ווייטען
א שיין, ווי אַ ליכט פון אַ קליינע לאמטערען.

ער זעהט דאָרט אַ מחנה, אַ חברה מיט שקצים,
און פּלוצלונג דערהערט ער אַ לוסטיגען לאַכען,
און אָט שוין דערזעהט ער אין מיטען.... אברמלען,
אַברעמלען דעם קליינעם, דעם בחור דעם שוואַכען.

אַרום איהם די שקצים, מען צופּט איהם די פּאות,
מען שלעפּט איהם, מען רייסט איהם זיין לאַנגע קאַפּאָטע,

ער גוואַלדעוועט ביטער, ער שטעהט אָהן אַ היטעל,
דאָס פּנים פערחשך׳ט, פערשמוציגט אין בלאָטע...

ערשטוינט בלייבט וואלאַדיא, אַמאָליגער וועלוויל,
ער שטעהט זיך פון ווייטען... און אָט שוין הערהערט ער
אַ פּאַטש דאָרט פון איינעם, אַ ביטערען וויינען,
אַ גוי׳ישע קללה, אַ לוסטיג געלעכטער...

עס קלאַפּט איהם דאָס הערצעל, עס שטיקט איהם אין העלזעל
ער בלייבט אויף אַ ווײַלע צומישט, ווי פערלאָרען...
אַ שפּרונג — און ער שטעהט שוין אין מיטען דער חברה
און הויבט זיינע פויסטען מיט טיגרישען צאָרען...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

.6

אַ פינסטערע נעכטיל. עס יאָמערט אַ ווינטעל,
אָט ווערט דאָס אַ ווײַלע זיך כלומרשט אנשוויגען,
אָט הויבט עס אָן בעטען זיך, יאָמערען, קלאָגען,
אָט הויבט עס אָן זידלען זיך, בייזערען, קריגען.

און ווייטליך אין געסעל דאָרט שטעהען זיי ביידע,
ס׳בעלייכט זיי אַ קליינע, אַ שוואַכע לאמטערען...
עס חליפּעט אַברהמיל און יאָמערט און שטאַמעלט,
עס שטיקט איהם אין העלזעל אַ שטראָם הייסע טרעהרען.

„איך געה מיר פון חדר... בעפאלען מיך שקצים,
„איך בין זיך פּאַמעליך געגאַנגען פון חדר...
„געשלאָגען, גע׳הרג׳עט, דאָס היטעל פערוואָרפען...
„מיין היטעל... אוי וועה מיר... צוריסען די קליידער.

„אוי, זעה, ווי זיי האָבען מיך דורכאויס צודראַפּעט,
„געשלאָגען, גע'הרג'עט, אין בויך און אין רוקען...
„איך האָב זיך געבעטען, געוויינט און געבעטען...
„אוי, וועלוויל, זיי וואָלטען געוועז מיך דערשטיקען!...

„אוי וועה מיר... גזלנים... מיין היטעל... גזלנים...
„זיי וואָלטען געמאַכט מיר אַ טוידט דאָ אַ שנעלען,
„זיי וואָלטען געוועז מיך אויף שטיקער צוריסען,
„ווען דו וואָלסט זיך נאָר ניט געוועז פאַר מיר שטעלען.

„אַזאַ מין רציחה!... קיין ברעקיל רחמנות.
„פאַר וואָס, פאַר ווען, וועלוויל? וואָס דאַרפען זיי שלאָגען?...
„אהיים אָהן אַ היטעל!... און קלעפּ פון דעם טאַטען...
„ער וועט דאָך ניט גלויבען, וואָס איך וועל איהם זאָגען...

„אוי, וועה מיר, דער טאַטע, ער וועט דאָך מיך טויטען...
„ער'ט זאָגען, איך האָב זיך געקאטשעט אין בלאָטע,
„געשפּיעלט זיך מיט שקצים, פערלאָרען דאָס היטעל,
„פערבלאָטיגט, צוריסען די גאַנצע קאַפּאָטע!...

„און וואָס בין איך שולדיג? איך האָב דאָך געשריהען
„עס זאָל מיך כאָטש אימעצער ערגעץ דערהערען...
„איך טשעפּע זיי עפּעס? איך געה מיר פון חדר...
„איך זאָג זיי קיין וואָרט ניט... איך קאָן זיך דיר שווערען"....

ער בייגט זיך אין בלאָטע און זוכט דאָרט דאָס היטעל,
און חליפּעט, און ווישט מיט'ן ארבעל די טרעהרען...
און ס'וויינט אויך וואָלאָדיא... און שטיל דורך און פינסטער.
פערוואָלקענט דער הימעל, פערלאָשען די שטערען.

## 7.

אַ פינסטערע נעכטיל, אַ קאַלטע, אַ בייזע,
עס גיסט און עס קאַפּעט, און קאַפּעט כסדר,
און ס'שפּאַנען אין געסיל צוויי אידישע קינדער,
צוויי אַלטע חברים פון דרדקי חדר.

„ניט וויין זשע, אַברמיל, ניט וויין זשע, מיין ליעבער,
„אַט וועל איך דיך ברייגנען צו מיר אין מיין צימער.
„אַט נאַ דיר מיין היטעל. כ'וועל אַלעם פערריכטען.
„ניט נעם זיך צום האַרצען, אַברמיל, ניט קימער.

„אַט לויף איך אהיים צו דיין טאַטען, ניט וויין זשע,
„ניט וויין זשע, איך וועל איהם שוין אַלעם ערצעהלען,
„אַ, מיר וועט ער גלויבען, ער וועט דיך קיין ריהר טהאָן!
„עס וועט זיך אין גיכען דיר אלעם פערהיילען.

„און זיי, אַט די שקצים, וועל איך שוין דערטאַפּען,
„און כ'וועל זיי בעדאַנקען, בעצאָהלען מסתמא.
„אברהמיל, ניט וויין זשע, איך קאָן שוין די חברה,
„דו ווייסט אַז זיי האָבען אַ גרויסע נקמה.

„און שטענדיג וועל איך צו דיר קומען, אַברמיל,
„און כ'וועל דיך פון חדר אהיים גלייך בעגלייטען.
„אַ ריהר נאַר... וועל איך זיי די אַלע ממזרים —
„—דו ווייסט אַז איך קאָן זיי דאָ אַלעמען טויטען ?

„ניט וויין זשע, אברמיל!“ — און שטיל איז און פינסטער;
פערוואָלקענט דער הימעל, פערלאָשען די שטערען...
און ס'גערען זיך ביידע די אלטע חברים
ס'בעלייכט זיי אַ קליינע, אַ שוואַכע לאמטערען...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

8.

פריהמאָרגען, און ס׳גערט זיך אברמיל אין חדר,
און ס׳שפּאַנט איהם וואָלאָדיא גאַנץ לוסטיג אַנטקעגען.
צוויי אידישע קינדער, צוויי קליינע תלמידים,
צוויי יונגע, צוויי טרייע חברים, קאָליעגען.

זיי גיבען זיך ברודערליך, פריינדליך די הענטלאך,
און געהען צוזאַמען אין חדר און ריידען,
און פּלאַפּלען און פּלוידערען חדוה׳דיג, לוסטיג
פון אלע, פון זייערע פריידען און ליידען...

פריהמאָרגען. און ס׳קוקט זיך אַ זונן דאָרט אין הימעל,
און שמייכעלט קאָקעטיש, און וויטעט זיך ליעבליך,
און וואַרפט פון זיך סנאָפּעס־ווייז גאָלדענע שטראהלען,
און ס׳טובלען אין ליכט זיך די הייזער און שטיבלעך...

